ביכער פון חיים לייב פוקס:

דורשטיקע לעמער, לידער, 1926

זינגט מיר די וועלט, לידער, 1936

בר גיוראס לעצטער וועג, היסטאָרישער ראָמאַן, 1939

שעה פון ליד, לידער, 1951

דאָס יידישע ליטעראַרישע לאָדזש, מאָנאָגראַפיע, 1957

די טעג נייגן די קעפּ, 1969

לאָדזש של מעלה, מאָנאָגראַפיע, 1972

זונפאַרגאַנג, לידער, 1972

חיים לייב פוקס

# זונפארגאנג

פארלאג "חיפה"
ביי דער חיפהער אָפּטיילונג
פון יידישן ליטעראטן — און זשורנאליסטן — פאראיין אין ישראל
תשל"ב — 1972

## גרענד־קעניאָן

א

בורשטינענע הימלען האָבן היינט גערוט אין מיינע אויגן.
איבער מיר האָט וועלט זיך ברייטער אויסגעצויגן —
ווי כ׳וואָלט אויף אָדלער־פליגל צו וואונדערוועלט געפלויגן.

מיט גאָלד און גרין, עס שפּילן ווינטן מיר ניגונים,
א פאַרבן־ים עס מיניעט מיר אין פּנים.
מיין ערשטער טאָג — די וועלט קען נישט באגיין זיך אָן אים...

עס זינגט דער תהום. און צווישן זיינע פייער־טאָלן,
פּנימער פון דורות בליצן־אויף און פאלן צו די פיס מיר.
און וועלדער ברומען, צווייג־צו־צווייגן אין א מזמור.

האָט דאָ אויפגעטויכט מיין וועלט פון ערשטע רגעס,
איז זי דאָ מיט מיר אצינד אין א ניי־בראשית?
איך שעם זיך פרעגן. איך שטום און ווייס נישט...

עס לייגן זיך די וואָלקנס אונטער מיינע טריטן,
און ס׳וואקסן בערג אריבער מיר, ארויף צו זונענרעגן —
און פּנימער פון דורות, פון זיי ארויס, פרעגן מיך און פרעגן...

ב

פון טיפסטן תהום עס שטייגן צו מיר פארבנדיקע קלאנגען
און ווערטער וואונדערלעכע, תהלימדיקע הער איך.
ווי זינגען וואָלט איך הערן איצט די לעצט־רגע׳קע געזאנגען
פון די זינקענדיקע, זינגענדיקע בני־קורח.

בין איך איינער איצט פון זיי? עס טאָלן מיינע טריטן
און שפאנען מיך אראָפּ צום אָנהויב פון די סופ׳ן?
״מזמור שיר״ — כל־זמן דער הימל איז איבער מיר נאָך אָפן,
— נעמט מיך אריין צוריק אין קרייז פון אייער מיטן.

און ווי איך שטום די ווערטער מיינע אין דעם תהום דאָ,
הער איך ווערלדער שטרעקן הענט, מיך צו דערגרייכן.
און סקאלע־קעפּ, ווי ימי־בראשיתדיקע צייכנס,
ווינקען מיר מיט יונגע לידער אין דעם תהום דאָ.

״שיר מזמור״ — די בלוטן מיינע קענען מער זיך נישט באוועגן.
זיי האָרכן שטוינענדיק די טענער אויפגעוועקט פון יאָרטויזנט —
עס ברומט דער תהום און ווינטן פון די בערג אראָפּ וויגן,
ברויזן —

איך שווייג. שעם זיך גאָט צו פרעגן

— מה גדלו מעשיך, השם,
צום אָנהויב אָדער סוף
פון מיינע טעגס פארגייענדיקע רגעס — — — —

ג

די צייט איז דאָ שטיין פון קדמונים געבליבן,
בלויז נאָר די ווינטן, זיי האָבן פארשריבן
מיט צייכנס פון גלי אין זוניקע שקיעות,
פון ערשטן באשאף, גאָטס פריילעכע תנועות...

עס שווייגן די שטיינער פארגליווערטע ווערטער,
נאָר ס'הערן די שפאלטן און ווערן געהערטע.
און ס'זינגען די ווינקלען און ס'ברומען די נישן
לידער פון פארבן, וואָס הימלען זיי מישן —

און לייכטן מיט ליבשאפט אריין אין די אויגן.
איך שווים מיט זיי איצט אין זיבן־פארביקן בויגן
וואָס נעמט מיך אריין אין זיינע פאלדיקע טיפן
און ס'זענען די וואָלקנס מיר ליכטיקע שיפן,

וואָס פירן מיך ווידער צו וועלטן און יאָרן,
וואָס פלעמלען איצט ווידער ביי מיר אין זכרון.
עס זינגען די ווינטן געזאנגען פון פייער,
איך זינג מיט זיי מיט, די לידער פון פייער.

דאָס ליד פון "אָנכי", וואָס נידערט פון טאָל איצט,
דאָס ליד פון יצירה, וואָס דער פארנאכט מאָלט איצט,
דאָס ליד פון בראשית און איך בין אינמיטן —
ווי כ'וואָלט אויף אן אָדלער פון פייער געריטן...

ד

פון גראַניט אַרויס, עס שפּילן ווינטן מיר טרויער־לידער,
ווי טויזנט טשעלאָס וואָלטן אין מיר ברומען.
עס נייגט די זון איר קאָפּ צו מיר אין טיפסטן נידער,
ווי באַדויערן וואָלט זי איצט מיין "ווידערקומען",

פון מיין אַמאָליקייט, פון מיין צייט אין יידיש גושן,
ווען איינגעמויערט איז געוועז מיין לייב און לעבן.
פון די וועלדער הער איך מיינע דורות רוישן :
"גיב אונדז צוריק, אָ, גאָט, וואָס דו קענסט אונדז געבן".

פון די ווינקל־שפּאַלטן, פון די טונקעלע נישן,
בליקן אויגן מיר. כ'דערקען זיי : מיינע זיידעס.
נאָר פּלוצים, ווי פון טויזנטער שלאַנגענס צישן —
זיפצן און געוואַלדן, ווי מאָנענדיקע עדות —

וואָס זענען אויך זינט יענער צייט מיט מיר דאָ אָפּגעשלאָפן —
און ס'קומען פון גראַניט אַרויס פּרעה'ס שטעט און טורעמס,
און ווי מיט מיילער פון טויטן־גאַז צעפּרעסן, אָפן,
און ווי מיט הענט אַרויסגעריסענע פון אָרעמס —

שטרעקן זיי צו מיר זיך אויס, פון וועגט אין זונען־פייער...
— איך גיי מיט זיי צוזאַמען ווידער אינעם אַלטן פייער...
פון גראַניט אַרויס עס שפּילן ווינטן מיר פייער־לידער
און פון "פייער־סנה" ווער איך געבוירן ווידער.

ה

מיט ברייטן וואָרף האָסטו פארשפרייט א וואלד אויף מיר
און פון יעדן בוים און צווייג,
וואקסט ארויף און ציט זיך הויך צו דיר,
א ליד — א מענטש.

און איך, איך דיין קינד,
מורמל מיט די ליפּן מיינע
און פאל,
און קני
און בענטש!

איז מיין וואָרט א ברי,
איז מיין וואָרט א גלעט
אָדער א געשריי
סתם אריין אין לופט?

עס איז מיר אלץ איינס
צי איך בין גיגאנט,
ווי די בערגער הויך,
ווי די ימען טיף,
אָדער ווי א מילב
און פיצלדיקער אויך,
איך בין דיין הויך —
מיין גאָט!

ווי דער שטארקסטער ריז,
מיט מיילנדיקע הענט
גרויסן זיך ארויף,
צו הימלען הויך, די ווענט.

אָט בליקט א שפּאלט און ווינקט,
א ווינקל גיט א זינג
איך זע איצט משה׳ס קאָפּ
שמייכלט צו מיר מילד...
אויפן הימל שפּאנט
א רייע נאָך א ריי,
די מחנות שעפּסעלעך, באזונט,
ווארטן זיינס א גלעט.
ווארט איך אויך און בעט:

אויגן מיינע, לויבט צו גאָט,
ליפּן מיינע, לויבט צו גאָט,
הארץ, מיין הארץ, באוועג זיך נישט,
בלוט, מיין בלוט, ריזל נישט,
פיס און קניען, הענט און פינגער
גליווערט־אָפּ און שווייגט —
עס שטייגט, עס שטייגט
ארויף צו גאָט,
מיין ליד, מיין סוד!...

# מלכות יאָסעמיטי

א

וואָס קען איך דאָ רעדן און וואָס קען איך דאָ שווייגן,
אין טאָל פון דיין שיינקייט, דו מלכות יאָסעמיטי ?
אָ לאָז מיך פאר דיין כבוד, פאר דיין וואונדער פארנייגן
אונטער הימלען ווייס־בלויע פון זונשיין צעבליטע.

קרוין פון תפארת אויף שפיצן פון ביימער וואָס שטייגן
פון ד ע ר ו ו ע ל ט , אריבער צו וועלטן פון חלום.
וואלד פון גן־עדן הויב־אויף, אויף דיינע צווייגן
מיין תפילה און ברענג זי צום מלך השלום.

טראָג מיין ברכה "שחלק מכבודו" צו דיר, יאָסעמיטי,
זי נעמט מיך ארום, זי ריזלט אין מיינע געבליטן.
ווייס איך נישט, וואָס רעדן און ווייס נישט וואָס שווייגן —
בלויז מיין קאָפּ צו דיין שיינקייט פארנייגן.

ב

אין די רינגען פון דיינע פיר־טויזנט יאָריקעביימער,
ליגן די צייכנס פון דורות, וואָס זענען פארגאנגען.
אין רויש פון די בלעטער, הער איך די וואונדער־געזאנגען,
וואָס ס׳זינגען עד היום צו דיר, מיין בורא, מיט אימה —

די זיידעס, די אלטע, אין טעג פון ערשטן דערקענען,
דיך, גאָט פון די אבות, ממצרים ועד הנה.
דיין חסד איז נאָענט מיר, ווי פון זון, איר שיינען,
ווי דער סנה, וואָס איך זע איצט אין דיינע קרוינען ברענען.

אָ וואלד פון קדמונים, מיינע טריטן באהאלט מיר
אין דיינע גראָזן, וואָס גרינען מיט ליכטיקע פארבן.
— פארנעם מיין געבעט, מיינע שטילסטע געוואלדן
איידער איך וועל אין דיינע שיינקייטן שטארבן...

ג

ווי אַן אָפּן אויג, לייכט־אויף דער העלער טאָג,
וואָס וועקט מיט זונשיין צו לויבן און צו בענטשן.
מיר דוכט איך הער אין לופטן פלאַטערן אַ זאָג,
וואָס היימיש ער איז צו וועלטן און צו מענטשן.

עס זינגען די ביימער, עס ברומען די גראָזן,
דאָס טייכל צופוסנס דעם גראַניט, איז מתפלל.
מיט זיין שטיינערנעם לשון, דער באַרג זאָגט הלל,
צום בורא, וואָס האָט אים פון קדמונים געלאָזן...

עס שוועבן די וואָלקנס אין שנייאיקער ווייסקייט
און בליקן מנוחיק אריין אין די אויגן,
ווי זיי וואָלטן אויף אָדלערישע פליגל געפלויגן,
מיט־זיך מיטגענומען פון "על קאַפּיטאַן" זיין בייזקייט,
זיין רעש און געשטורעם פון די טעג פון בראשית —
זיי ווערן פאַרשלונגען אין די מיילער פון גייזערס...

ד

עס נידערט דער אָוונט אין שלייערן בלויע,
געשטילט ווערט מיין הארץ פון דער בלויער שיינקייט.
כ'ווער קלענער נאָך פון דער קלענסטער קליינקייט,
כ'ווער גרעסער נאָך פון גרעסטער סעקוואָיע.

מיין קאָפּ הויבט זיך אויף צו הימלישע הייכן
און ס'לייכטן די אויגן, ווי אויגן פון קינדער.
אויף פליגל פון חלום, איך שוועב צו דערגרייכן,
צום שפּיץ פון די פעלדזן, צום אייזיקן וואונדער.

צום ריז פון די סקאַלעס, "על קאַפּיטאַן" איז זיין נאָמען.
מיין בליק איז געשפּאַנט פון גיגאַנטישן חידוש —
מיין חלום ווערט וואָר און ער טוט מיך דערמאָנען
א ליד פון מיין מאמען אין היימישן יידיש.

זי האָט מיר דאָס ליד ביי מיין וויגל געזונגען.
איצט שוועבן די ווערטער אריבער די סקאַלעס,
ווי ס'רוישן די גייזערס אין גרויליקע יעלות
און שפּריצן צעברויזטע אין פלאַמיקע פונקען...

ה

א שפּעטנאַכטיק, אומהיימלעך און דערשראָקן געוואָיען
פאַרטראָגט צו מיין הארץ דאָס געברוס פון סעקוואָיען,
וואָס האָבן מיך אין טאָל פון יאָסעמיטי באַגעגנט
און האָבן מיך מיט פרייד פון לאַנגלעבן באַרעגנט,
מיט שיין פון נעם נצח, דורך די צווייגן און שטאַמען
מיט גאָלדענעם חן פון זייערע ליכטיקע פלאַמען.

געווען איז עס דעמאָלט אין פריזוניקן זומער
מיט סאַמעטן גרין, עס האָבן די גראָזן געזונגען
און איך בין געשטאַנען אָן לשון, א שטומער
אין וואונדער פון דיינע פיר־טויזנט יאָריקע רינגען,
וואָס האָבן דערציילט מיר מיט סוד פון לעגענדע
די טעג פון בראשית, עד היום פאַרלענגערט — —

איצט הער איך דיך וויינען, מיין בוימישער זקן.
— האָט דער בורא דיך פּלוצים איבערגעשראָקן
דורך זיין דונער און בליצן, וואָס האָבן צעשרפה׳ט
דיין הארץ? איך הער דיין געוויין, ווי טרויעריקע האַרפעס
עס וואָלטן געברומט, געזיפצט און געוואָיעט,
שפּעטנאַכטיק, שפּעטלעביק אין מיינעם, סעקוואָיע?

עס ציטערט דיין קרוין און איך הער דעם געציטער,
און זע איצט דעם שיין, דעם גאָלדענעם שפּליטער,
וואָס לייכט פון דיין הארץ מיט רויטלעכע פאַרבן.
איך צייל זיי איצט ווידער, דיינע אייביקייטס קאַרבן.
אָ, לאָז מיך, סעקוואָיע, דיינע שיינקייטן ארבן,
אין יאָרן, אין לעצטע, איידער מיין שטאַרבן...

## אונטערוועגס

איין סאָסנע אליין אין דער געגנט,
איך וואָגל אין ווינט.
זי שאָקלט די צווייגן, ווי פרעגנד,
— ווי לאנג נאָך מיין קינד ?

שטיל טוקט זיך די זון אין די פלאמען,
שטארבט־אָפּ און גייט אויס.
איך הער א קול, ווי פון מאמען,
צו מיר קום ארויס.

לאנג ציט זיך דאָס דאָרפישע שטעגל,
וואָס פירט צו דער שטאָט,
עס ציטערט אין הימל א סגל,
דריי שטערן געשיקט מיר פון גאָט.

זיי פירן צו היים מיינע טריטן,
ווי צייכנס פון שטילן געבעט
וואָס הילכן אין מיינע געבליטן,
ווי זיי וואָלטן צו מאמען גערעדט.

מיין מאמע, אין אומקום, זי שוועבט אינעם אוויר,
בליקט טרויעריק און שטום.
צו מיין שאָטן, מיין וועגישן חבר,
וואָס מיר דוכט זיך : ער ברומט

עפעס ווערטער צום חושך, צום שטומען,
צו דער סאָסנע, וואָס הויבט זיך אָן ענד ;
און וואָס האָט מיך אריינגענומען
אין אירע צווייגישע פינגער און הענט...

איר קרוין־שפּיץ, ווי א קאָפּ אָן אויגן
מיר ווינקט און קומט צו מיר נאָענט,
איך שפּאַן, ווי פון פּחד געצויגן
וואָס האָט מיך אין טויט־שעה דערמאָנט...

די שטילקייט שפּילט איצט אירע נאָטן,
די סאָסנע שפּילט־מיט און איך הער —
ווי עס זינגט־מיט אָן אָטעם מיין שאָטן
און ווישט פון מיין אויג אויס א טרער...

# דאס רויטע אויג פון קראקאדיל

עס בליקט נאָך אלץ אויף מיר און גייט מיר נאָך,
דאָס רויטע אויג פון לאנגן קראָקאָדיל
פון שליימיקע און הייסע וואסערן.
דער טאָג גייט־אויס שלעפערדיק און שטיל
און לייגט זיך אויף די וואסערן.

מיין טראָט ווערט וואך אקייגן נאכט
אין שטילן שווימען פון קראָקאָדילן,
זייערע אויגן צעצונדענע צו מיר זיך צילן
— ווילן זיי אפשר איצט מיין ווילן
דעם פחד מיינעם פארשלינגען אין זייער טראכט ?

די לופט איז פארנע, נאס און הייס.
מיין אָטעם גליט פארשטומט אין שווייגן —
אלץ וואָס כ׳ווייס נישט און אלץ וואָס כ׳ווייס
ציטערט־אויף אין מיר אין שטייגן
ביינאכט אליין מיט אויגן פון קראָקאָדילן.

## צופוסנס די גייזערס

ווי ס'וואַלטן זיך די הימלען שטורמיש צעבייזערט,
ווי ס'וואָלט דער בורא עולם זיינע קדמון־ווייזערס
איבערגערוקט. אזוי רעש'ן און גוואלדעווען די גייזערס.

עס לויפן די וואסערן און מיניען ווי זילבער צעפּלאַסנס,
דאָס ווייסקייט פון די שוימען אין בלוי ארייגגעגאָסן,
ווי ס'וואָלטן זיך געעפנט די טויערן פון די בלויע חצות'ן

פון די ערשטע נעכט אויפגעוועקט פון לאנגן שלאָפן.
און ס'בליקן וואָלקנס און גאפן מיט אויגן און מיילער — אָפן,
ווי זיי וואָלטן וויינען: מיר ווילן צוריק צום אָנהויב פון די סופ'ן.

איך שטיי און הער די קולות, וויל פארשטיין זייער לשון
און פיל ווי ס'וואָלט אין מיר זיך עפּעס אויפגעשלאָסן
פון מיין אָנהויב, אליין מיט גאָט פון ימימ'ס טיף,
ארויסגעגאָסן...

איך שטיי און שוויג. זאָל עס זיין די ערשטע רגע פון בראשית?
זאָל עס זיין גאָטס מחשבה, וואָס איז געוואָרן זיין ערשטע מעשה?
איך שטיי און שטום. ענטפערט מיר גייזערס, אפשר ווייסט איר?...

# די ים־לייבן שרייען צו חיים לייבן

גרויע נעפלען הילן־איין דעם ים־ברעג
וואָס וועקט זיך אויף אינעם ברילן פון די ים־לייבן.
איך הער אין זייער שריי דעם עכאָ פון די טעג
מיינע, אפשר לעצטע טעג פון חיים לייבן?

און אפשר גאָר זענען זיי, די לייבן פון יהודה,
און מיט זיי באַזאַם אין גלות אונטער רוט
גיי איך, פון ירושלים מיט די לעצטע יידן
און זייער פיין שרפה'ט אין מיין בלוט?

און אפשר גאָר, די לייבן — מיינע ברידער, פון טויט און פיין
געפאַנגענע, זייברילן פון פאציפיקס סקאַלעס.
ווי די ברידער מיינע פון די געטאָס. זייערע יעלות
רוישן נאָך אין מיר, ווילן נישט פאַרגיין.

איך שטיי און שטום, נאָר איבער קאָפּ מיר קוילערן זיך געשרייען,
וואָס קומט צו מיר פון אינדזל פון די ים־לייבן
און אין מיין בלוט, פאַרסמט מיט שטילע ווייען,
הער איך דאָס געשריי, מיינס, פון חיים לייבן...

# א בוים אין בוענאס־איירעס

זאָל דאָס זיין דער בוים פון לעבן,
זאָל דאָס זיין דער עץ הדעת ?
איבער קאָפּ מיר, הער איך שוועבן
און פלאטערן אין שטילן פלייס

פייגל פון די ווייטסטע לענדער
נאָכגעפלויגן אין מיין פלי.
גאָרנישט האָט די צייט געענדערט,
נישט פון דאָרט און נישט פון הי.

ברייט־צעשפרייטע גרינע בלעטער
זון־באגלאנצטע אינעם בלי.
סיי פון קדמון און סיי פון שפּעטער —
איך דערפיל זיי מיט אויגן־גלי,

וואָס גייט מיט מיר פון לאנגע יאָרן,
ווי די זון אין איר געלויף.
איך פיל מיך איצט ווי ניי־געבוירן
און ס'ציט מיין בליק נאָך אלץ ארויף — — —

צו די הימלען איבער קאָפּ מיר,
צו די שטערן אין געיעג.
ס'ליגט די גאנצע וועלט צוקאָפּנס,
ווי אין ערשטע, מיינע טעג —

און צו זיי עס זינגען לידער,
די בלעטער פון דעם בוים דאָ איצט
— זאָל עס זיין דער בוים פון לעבן,
אָדער עץ הדעת, צעבליצט ?

כ׳פרעג אליין זיך, כאָטש בין זיכער :
ביידע, זענען עס — דער בוים.
אין די בלעטערנס געוויכער,
יאָרן טויזנטער אין מיין טרוים.

איך געדענק זיי, יענע יאָרן
און כ׳הער אין מיר נאָך ס׳קול פון גאָט...
און מיט חלומות אין זכרון,
פרעג איך פתרון פון יענעם סוד :

איז עס בוים פון אייביק לעבן,
אָדער איז עס, עץ הדעת ?
פייגל, פייגל הער איך שוועבן
איבער קאָפּ מיר אין שטילן כעס...

## צווישן ארגענטינע און טשילי

אין דזשעט צווישן ארגענטינע און טשילי,
באגלייטן דעם וועג מיר, געל־רויטע אנטילאָפּן.
זיי זענען מתפלל, איך פיל זיי צוקאָפּנס.
זיי האָרכן, ווי כ'מורמל בלחש מיין תפילה.

עס לייכטן די בערג, די שטילע אנטילן
באפלעקטע מיט זונשיין, ווי זילבער צעפלאָסנס.
און וואָלקנס מיט ווייסקייט אין אויגן מיר שפּילן
און זינגען מיר לידער אין וואָלקנישן לשון.

און כאָטש איך פארשטיי נישט קיין אייינציקע סטראָפע,
איז אייגן ס'געזאנג מיר, וואָס צו הימלען עס ציט זיך;
ווי ס'וואָלט זיך געפלייסט, געפרייזט און געמיט זיך
און מיט גליאיקע אָטעמס צום בורא געלאָפן...

איך פיל זיי אין וואָלקנס, איך אן זיי אין רויכן,
וואָס גרייכן דעם קאָפּ מיר, איבער בערגער פון טשילי.
און הער ווי די הימלען אליין אין די הויכן,
זינגען מיט מיר מיט, מיין יידישע תפילה...

# סדום

אָ, סדום, די אייביקע פארשאָלטענע
שוין יאָרן טויזנטער, עלנט ביסטו אויף דער וועלט.
עס האָט קיין גרעזל נישט דיין ערד געקושט
און נישט די פרייד פון בליען האָט דיין טיף צעהעלט...

נאקעט זיינען דיינע בערג, ווי נאקעט ס'איז דער טויט
און די זון — נישט זי גלעט זיי — נאָר זי ברענט
ווי סם, וואָס טרינקט א מענטש, ווען ס'איז פארמיאוסט
דאָס לעבן אים און גיט דעם טויט זיך איבער אין די הענט.

איך האָב אלס יינגל דיך געחלומט אין מיין חומש־חלום
און איצט — איך טרעט מיט מיינע פיס אויף דיין הארטער ערד.
נאָר נישט מיט טרויער, ווי דעמאָלט, ציטערט מיין נשמה —
מיט פרייד עס פאליעט זיך און רינט ארויס מיין טרער.

ס'האָבן דרייסיק יונגען אין דיין ערד זיך איינגעוואָרצלט
און ס'בליען זייערע הענט צו הימלען, ווי די דעמבעס.
א ניגון פון בראשית זינגען מיינע בלוטן
און דער ים המלח שטרעקט זיין הארץ אויס: נעמט עס!

## די טרער

... אין אַנהויב געווען איז פינצטער און לער,
בלויז אויפן ים איז געשוואומען די טרער
וואָס האָט געבענקט באשאפן צו ווערן,
ווי ס'האָבן געבענקט צו לייכטן — די שטערן.
די זון און לבנה, אין אָנסופיקן הימל,
די מחשבות פון גאָט, געוועקט פונעם דרימל.

... איז געקומען א טאָג, געוועבט, ווי פון זייד
און נאָענט געמאכט, וואָס געווען איז ווייט :
אין דמיון — א מענטש, א יצר־יצורים,
א טייל פון זיין כבוד, זיין מהות און פורעם.
... און דער כבוד פון גאָט האָט אויף ימים גערוט,
זיין פרייד און זיין טרויער, זיין זיפץ און זיין ליד...

# די בריק פון גאלדענעם טויער

אויף דער בריק פון גאָלדענעם טויער,
איבער דעם ים דעם שטילן.
האָב איך דערהערט א שפּילן
וואָס האָט יאָרן אין מיר געלויערט.

אויף דער בריק פון גאָלדענעם טויער
אין שעה פון שקיעת החמה.
אין קדמונישע פארבן און פלאַמען,
האָט מיך געוויגט דער טרויער.

די בראָנזענע שטאַנגען, ווי סטרונעס
פון גיגאנטישע ציטרעס און הארפן.
זיי האָבן געשפּילט מיט כוונה
די אומעטן מיינע, געשארפטע

ווי די שטראלן זוניק צעצונדן
אויפן ים און אויף אלעם ארומעט.
זיי האָבן געעפנט מיר וואונדן
געכפלט פון צער און פון אומעט

וואָס יאָגט מיך דורך לענדער און ימים
און לויפט מיר נאָך ווי א שאָטן.
אויף דער גאָלדענער בריק, אין די פלאַמען
אין טענער פון יענוועלטישע נאָטן —

האָב איך דערהערט שטיל דאָס רופן
דאָס קול, וואָס גייט פון מיין וויג־אָן.
ווי דאָס קול איבער ימישע בריקן,
וואָס ברומט צו מיר איצט בגילופין...

דאָס קול, וואָס וועט אפשר מיך פירן
צו רו און מנוחה אויף רגעס.
ווי די ימישע בריקן וואָס פירן
די וואָגלער פון וועגן און שטעגן.

איך ווייס נישט. נאָר אפשר ווערט אמת,
א חלום, וואָס תמיד באגלייט מיך.
אויף מיין עלטער, מיין יוגנט באנייט זיך
און עס בעט זיך די ליבע : נעם מיך...

קען עס זיין, אז אין שעה פון מיין דויער
אין מיט פון דער "גאָלדענער בריק",
זאָל אין ים אריין פארשוואונדן דער טרויער,
וואָס וויגט מיך זינט קינדישער וויג ?

איך ווייס נישט. איך הער בלויז דאָס שפילן
אין שיין פון שקיעת החמה.
דער טאָג שווימט אריין אין נאכטישע גבול'ן
איך שווים אויך אריין אין די פלאמען...

## ליד אין שפעטע נאכטשעה

דאָס שטילע שעפּטשעניש פון מיינע ליפּן,
לייג איך, ווי מיין לעבן, דיר צופוסנס.
נעם עס, ווי ס'געווייַן פון מיינע ריפּן,
צערטל עס מיט חסד דייַנעם, גענים עס...

לעצטע טעג שוין, אפשר גרייכן צו מיינע שטיבן,
לעצטע שעה'ן, אפשר בליקן מיר מיט צער'ן —
לעצטע ווערטער, אפשר האלדזן מיך און ליבן
ביז ס'געגנענט צו מיר די רגע, דעם טויטס גזר'ן...

וויל איך מיינע שטילע ווערטער, ווי א תפילה,
וואָס איך מורמל אין די שטילסטע טענער —
זאָלן לייכטן דיר, ווי יום כיפּור־לעכט צו נעילה,
וואָס פלעמלען צאנקענדיק העל און העלער...

אזוי זאָל אויך מיין ליד אין שפעטע נאכטשעה,
ווען בלחש דאַוונט צו דיר דוממ'ס שטילסטע ערטער —
נעם אויך מיין ליד פון וויי און פּיין אין וואכשעה,
וואָס כ'לייג צו דיינע פיס אין יידיש־פּראָסטע ווערטער...

## ריקודה

לזכרון נצח

איך האָב דיך נישט פאַרטוישט פאַר קיינעם, רחלע — ריקודה,
ווי יעקב אָבינו, האָב איך בלויז רגעס, דיין שוועסטער לאה געגעבן
דיין ליבשאַפט. און ווי פון רויזן־טויען, טראָג איך אין פּקדון
צו דיר, די לידער מיינע, דיינע, ווי מיין גאַנצן לעבן.

זיי קומען ווידער די ליבשאַפטן און שטעלן זיך ביי מיינע שוועלן
זיי ציען זיך צו דיר, אין רמב"ן־געסל, אין ירושלים.
און כאָטש דער טויט, האָט ווי א מערדער געוואָרגן דיך אויף דיינע שוועלן,
איז פול די לופט מיט דיר, מיין מלכה פון ירושלים...

איך אָטעם־איין דעם נאַרציס־ציטער פון דיינע לידער־בשמים
וואָס קושן דיינע אויגן אויס מיט בענקשאַפט פון א מאַמען.
זיי הייליקן און זאָגן קדיש, צו דיין ליבן נאָמען,
און גרייכן צו די הימלען דיינע, מיט קדושה יידיש־פלאַמען.

איך האָב ווי יעקב ביי לבנען מיט טרייהייט און מיט אמת
די יינגסטע יאָרן אָפּגעגעבן צו דיר אין יידיש־שירה.
גלויב איך איצט באמונה שלימה, אז מיין לעצטער וועג וועט פירן
מיך ווידער צו דיר. אָ הער מיין ליד, צערטל עס און נעם עס.

# כ׳וועל צוריק־קומען צו דיר

כ׳וועל צוריק־קומען צו דיר, מיין ערשטע און מיין לעצטע ליבע,
ווי כ׳וועל צוריק־קומען צו דיר, לאנד פון מיין בענקען.
וועסט אפשר מנוחה, צו מיין הארץ, דאָס פארפייניקטע שענקען,
נאָך יאָרן פון וואנדער, נאָך טעג אומעטיקע און טריבע.

כ׳וועל צופאלן צו דיין געשטאלט, וואָס לעבט אין מיין חלום,
וואָס גייט ביי מיין זייט, ווי ס׳גייט מיט מיר מיין שאָטן.
און בעטן אים, אז ער זאָל מיך צו דיינע בערג און דיינע טאָלן,
פירן. צו דיינע געסלעך, ירושלים, דו שטאָט פון שלום.

כ׳וועל זיך אויסציען אויף דיין ווייינענדיקן קבר,
און מורמלען זיפצנדיק מיין ליד צו דיר, ווי א תפילה.
און די בענקעניש, וואָס הויערט אין מיין יעדן אבר,
וועל איך לאָזן פליסן, ווי די טרערן מיינע שטילע.

כ׳וועל בעטן צו די שטערן זיי זאָלן דיר דערציילן,
פון מיינע טעג אָן דיר, פון יאָרן וויי און וואָגל.
און ווי איך בעט צו גאָט, אז אין זיין טרערן־לאָגל,
אריינעמען זאָל ער מיין געבעט פון לעצטע פיר איילן...

# ווינט פון מזרח

א. גייען מיר ווי שעפּסעלעך
נאָכן קול פון דיין פלייט,
גרויסער פאסטעך אונדזערער.
אויגן רוען, הערצער שווייגן.
דורך שטילקייט, בלויז דורך שווייגן,
ציט זיך ווי א גלאטער טייך אין פרימאָרגן
דאָס קול פון דיין פלייט,
גרויסער פאסטעך אונדזערער : ליבע.

ב. שא !
וועלט איז מתפלל אין רגעס פון חצות.
אָטעם מיט אָטעם באהעפט זיך און שווייגט
שא !
וועלט איז מתפלל פון ליבע.

ג. איך הער דאָס קול פון אונדזערע שעה'ן
זיי קומען ווי לייכטע ווינטלעך,
נייגן די קעפּלעך
און מיט גוטע, גוטע אויגן
ווארטן זיי אויף אונדז.

ד. איבער די קעפּ
העגגען ניגונים
אויף שפּיצן פון ביימער
אין שעה פון באגין.
זון לאכט אנטקעגן
מיט אויגן פון פרילינג
און בליקט אין די אפּלען
אונדז טיפער אריין.
צי אויס דיין אָטעם
צו בוים און צווייג
און שטייג —
צו אויגן פון זון,
צו טענער פון ביימער
וואָס וואַרטן א ווינטער
א לאנגן אויף אונדז,
זיי זאָלן זיך פארביק צעבליען
מיט ליבע.

ה. פלייטלדיקער סוד,
קום צו מיר אין איצטיקער שעה.
שפּיל — מיר גייען מיט אונדזער פרייד
און קינדער פרילינגן!

ו. דערלייזונג,
שבת.
נשמה מיינע, געפין זיך
און גיי אויף אין א ליד.
פליגל נידערן,
אויגן ווערן גרעסער.
לויב צו גאָט פאר רגעס
הייליקע —
היינט.

ז. שפיל־אויף, מיין ליד.
אלע מינוטן
ציען אויס די ליפּן צו אונדז,
באהעפטן זיך,
ווערן טעג און נעכט
און בליקן אראָפּ מיט אויגן שטילע.
איז מיין תפילה:
שפיל־אויף, מיין ליד,
און דערפריי
די אלע מינוטן, וואָס דאווענען אין אונדז
מיט ליבע.
און לייג זיי, ווי שטילע שאָף,
צו דיינע טריט.

ח. שניי ציטערט
צווישן טראָפּנס,
טריפט און צעריינט.
אין אויגן ביי דיר
צעבליט זיך א טרער
און פאלט ניט ארויס.
אָ, גיב מיר די הענט
און לאָמיר פארשטעלן די שויבן.
זיי זאָלן ניט זען
ווי ס׳גוססט דער שניי.

ט. טיף־בלויע תפילות
זינגט אויס די נאכט.
דער שניי אויף די דעכער
קושט זיך אליין.
גאָט האָט געניִדערט
אין מאנטל פון בלענד
אין טיף־בלויער נאכט
אויף אונדזערע הענט.

י. איך בין א בר־מצווה־יינגל,
שפּאַן ארויס צו אייגענער וועלט.
ערשטער טריט פירט מיך צו דיר,
ערשטער שפּאַן.
איז ביי דיר אזוי פיל גליק פאראַן,
בלייב איך שוין ביי דיר,
מיין וועלט.

יא. איבער מיינע ברעמען הענגט דער שלאָף,
ווי א קינד ביי מאמעס בריסטן.
רו, דורך דורות אויסגעלייטערט
אין ווארטנדיקער שעה פאר מיר,
נעם דעם שלאָף פון מיינע ברעמען
און טוליע, טוליע אים צו דיר,
ווי א קינד צו מאמעס בריסטן.

יב. אויף יעדן אדורכגייער
בלאָנדזשעט מיין בליק:
עלנטער —
און וואָס קען איך העלפן,
איך, אָרעמער,
בעט איך ביי הימלען — העלפט!
שיקט מיר א ליד פון פרייד
צו אלע וואָס טראָגן א לעבן אין זיך
דורך פיין און דורך לייד —
מיין ליד פון פרייד...

# תפילה בלחש

נאכט. אליין מיט ווענט, וואָס שפּיגלען זיך אין שפּיגל,
הער איך ווערטער אין מיר שטילע וויינען:
— העלף אונדז, באַפרײַ אונדז פון דוממ׳ס שלאָס און ריגל
און לאָז אויף אונדז דעם חן של חסד שײַנען.

לאָז אונדז פליען, כאָטש ווי קליינע זומער־פייגל,
וואָס זיי לעבן אפשר נאָר געציילטע רגעס...
און איך הער ווי די ווערטער אין מיר פרעגן,
פאַרוואָס איך האַלט זיי פאַרשלאָסענע אין שטייגן...

ווייס איך נישט, וואָס איך האָב צו זאָגן,
ווייס איך נישט, צי מעג איך רעדן, אָדער שווייגן?
און איך הער, ווי וויינטן פאַר מײַן פענסטער יאָגן
און זיי כליפּען דורך די פאַרשנייטע צווייגן

וואָס וויגן זיך ווי הענט, באַרירן מײַנע שויבן
און זיי רעדן שטיל א לשון פון קדמונים...
ביז ס׳פלאַטערן אויף אין מיר ווערטער, וואָס ווי טויבן,
מורמלען שטיל מײַן תפילה צום שוכן מרומים...

ווער איך שטיל און דאָס שעפּטשעניש פון מײַנע ליפּן
לייג איך ווי א קרבן־עולה, דיר, מײַן גאָט, צופוסנס.
און ס׳זינגט מײַן בלוט, עס זינגען מײַנע ריפּן —
דאָס קרבן־עולה ליד, וואָס איך טאָר עס נישט געניסן...

# די לייבן פון מצודת־כפיר

די לייבן פון מצודת־כפיר זייער לויף,
איז אנדערש ווי דער לויף פון אלע לייבן.
פון קעלער זיי בליקן צו מיר איצט ארויף
ווי בעטן זיי וואָלטן, אז איך זאָל פארבלייבן

מיט זיי דאָ אויף תמיד — א לייב מיט לייבן.
שטיי איך שטום און ווייס נישט וואָס צו זאָגן:
צי זאָל איך שוין לאָזן מיינע טעג דאָ אויסטאָגן,
די טעג די לעצטע פון חיים־לייבן?

איבער קאָפּ מיר דער הימל — א ברייטער און פרייער,
אונטער מיר אינעם קעלער, דאָס געבריל פון לייבן
געפאנגען. זיי שפּריצן מיט אויגן פון פייער, —
אז זיי זענען עס מיינע, ווער וועט מיר גלויבן?

# יום פקודה...

יעקב גלאטשטיינען ז״ל

ווי א קול פון מסתרים, רופט אין מיר די נאכט.
ווי ס׳וואָלטן אין מיינע טיפענישן גרילן געגרילט
ווי ס׳וואָלט דער לייב פון פיין אין מיר געברילט
אויף דער וואָר, נישט אין דמיון אויסגעטראכט
אזוי האָט דער טרויער אויף מיינע אָדער־סטרונעס געשפילט
דעם ניגון פון יום פקודה אני בחיל.

איך האָב אים אין מיינע יונגע טעג מיט פחד אויסגעהערט
פון אונטערן טאטנס טלית, וואָס האָט מיך איינגעהילט
אין הייליקע טעג אין שיין פון יום־כיפור לעכט. פארטרערט
ער ציטערט נאָך אין מיר נישט איינגעשטילט,
איך הער אים אין מיין בלוט, גרילצן ווי א גריל :
את יום פקודה אני בחיל.

ס׳איז שטיל ארום, אין מיינע שטובן די שטילקייט שווייגט
ווי ווען וואָלט זי אויך דעם ניגון הערן
נאָר פון די שויבן א טונקלקייט הויערט אויף און שטייגט
און האלט זיך אין איין מערן —
ווי זיין איך וואָלט אליין פון טונקלקייט דער ציל,
וואָס וויינט אין מיר מיט טיף געפיל :
את יום פקודה אני בחיל...

# צו חצות ביים כותל המערבי

א מנין פון יידן מיט בערד און פאות
די קעפ צוגעטוליעט פעסט צו די שטיינער.
אין א ווינקל באזונדער, שטיי איך אליינער
און שעפטשע מיין תפילה צום הוגה־דעות.

עס יאָמערט אין לופטן דער טרויעריקער ניגון
פון תיקון העולם אין תיקון חצות
איך שטום אין שווייגן און לאָז זיך פארוויגן
פון נצח ישראל, פון מופת און אות...

מיין תפילה געמישט איז פון עברית און יידיש,
ווי מיין מאמעס געבעט פון סידור און תחינה.
כ'האָב יאָרן געגארט נאָכן נס פון חידוש,
כ'האָב איצט אים ביים כותל צו חצות אָפגעפינען.

נאָר וואָס לייכטן די לאָמפן און בלענדן די אויגן?
זיי שטערן, איך פיל עס: ער זאָל זיך באווייזן —
משיח צדקנו, וואָס זאָל אונדז דערלייזן
אין ליכט פון א הימליש פילפארביקן בויגן...

דער בויגן פון פארבן, ווי נאָענט ער איז מיר
די שעה פון חצות ביים כותל אין תפילה.
כ'לאָז פליסן די טרערן אין די שטילסטע שטילן,
ווי ס'פליסן די בלוטן אין מיר איצט אין מזמור.

# שטילקייט

יצחק יאַנאַסאָוויטשן

ווערטער מיינע, שטילט די אָטעמס,
לאָזט מיך אייער שוויגן הערן.
אין מיין שעה, ווען זון ווערט שאָטן
און עס צאנקען מיינע שטערן.

שטערן־ווערטער, וואָס זיי צאפלען
און גוססן אין די מעמקים.
ווי דער בליץ פון מיינע אפלען
וואָס דער אומעט וויל צעהאקן...

וואָס נאָר דער טויט און מער נישט קיינער
וועט מיך פון אים קיינמאָל אָפּטיילן.
— ס׳איז א ליד, די וועלט, די גאנצע,
און נישט די דאָאיקע פיר איילן...

פון דער ערשטער שעה יצירה,
הוד און חסד עס באטריפן.
און דאָס ליכט פון אלע ספירות
זענען טיילן פון זיינע טיפן.

ס׳איז דאָס קול פון ליד, די שטילקייט,
ווי דאָס קול פון גאָט אליין נאָר.
בעט איך : גאָט פון מיינע לידער,
הער מיין שוויגן, די געוויינען,

זאָל מיין ליד, דיין ליד אויך ווערן.
כאָטש כ׳פארשטיי׳ס נישט, גיב בלויז א צייכן —
אין מיין שעה, ווען זון ווערט שאָטן,
זאָל מיין ליד צו דיינעם גרייכן...

# אין טונקעלן קאָנצערט־זאַל

א גאָלד־רויטער קאָפּ, ווי א זוניקער פלאַם,
געפלאַטערט, געשוועבט אויף די פליגל פון ניגון.
דיין פּנים — איין־איינציק, צווישן פּנימער־ים,
דורכן טונקעלן זאל צו מיר טוט זיך וויגן.

ווי ס׳וואָלט מיך א חלום געוויגט אין א וויג,
וואָס שוועבט אין דער לופטן — מיר ביידע אין מיטן,
דאָס ליכט פון דיין פּנים, באַזונט פונעם גליק,
ווי א זייגלינג איך טרינק אין מיינע ערשטע מינוטן.

ווי אין ערשטע מינוטן, אין אָרעמס פון וועלט,
עס שיינט אין מיין לעבן, דיין ליכטיקער פּנים.
דורכן טונקעלן זאל האָט דיין ליבשאַפט געהעלט — — —
צי זאָל איך באַגיין זיך אָן אים ?

## איך בין נאך פול מיט זון...

איך בין נאָך פול מיט זון,
און קען נאָך ליבן.
מיינע ליפּן בענקען נאָך
צום ווייַן פון פרויען־ליפּן.

מיינע ברוינע אויגנס — ברען,
פלאַמען נאָך מיט פייער.
און דער חן פון שיינע פיס
איז נאָך אַלץ מיר טייער...

קליינע, צאַרטע פרויען־הענט,
געשניצטע, לאַנגע פינגער.
אויף מיין האַרץ, ווי אויף קלאַווישן,
שפּילן שטיל. ווערט מיר גרינגער —

פון דעם פּיין, וואָס פּרעסט מיך אויף
אַלע מיינע שעה'ן —
צו פרויען־בליק, ווי צו זון, אַרויף —
פאַרשענק איך לעצטע דאָ'ען...

## דיביימער פון גן־עדן...

א ציטערניש גייט אויף אין הארצן, א רויש, א געהיימער
בעת מיין קאָפּ הויבט זיך ארויף צו די קעפּ פון ביימער,
וואָס זייערע שפּיצן צו די ראנדן פון די הימלען גרייכן.
איך פיל אין זייער רויש פון אייביקייט דעם צייכן,
און הער אין זייער קול דעם בראשיתדיקן ניגון,
וואָס האָט מיינע עלטסטע זיידעס חלומות געטון וויגן —
פון די חומש־טעג, אין לאנד פון די בני־ענק׳ן,
שפּאַן איך נאָך עד־היום, יונג און נישט דערשראָקן...

בארירן מיינע פינגער די הויטן פון די ביימער,
טוט זיך אויס מיין גוף פון ערדיש פלייש און חומר
און לאָזט מיין חלומס פליגל צו זייער שורש שוועבן —
ער ברענגט מיך צוריק צום ים פון אייביק לעבן...
ער איז איצט דאָ! איך שטיי ביי זיין צופוסנס
און הער די שטים פון מיים־חיים צו מיר פליסן,
און הער די וואָלקנס איבער מיר, וואָס רעדן,
מיט מיין לשון מורמלען זיי און בעטן: —

רגע פון דער שטילקייט, עפנט מיינע ליפּן.
פארפולט עס איז מיט שירה, אריבער אלע ברעגן
מיין הארץ. וויל איך ווי א זייגלינג זיפּן
דויער. און מער נישט פרעגן...

# ביים כנרת

א

לינדער נאכטווינט, זיידענער, בלויער אקאָרד,
שפּילט מיר אויפן הארצן, ווי די וועלן פון כנרת.
זיי עפענען די ליפּן פון מיין יונגסטן וואָרט,
וואָס גרייכט צו מיר פון טבריה׳ס הוד און תפארת.

עס שלאָפן די וואָלקנס, נאָר ס׳וואכן זילבערנע שטערן.
זייער ליכט פון קדמונים, עס זינגט אין מיין בלוט.
זיי מורמלען מיר תפילות פון דורות. איך קען זיי דערהערן,
ווי ס׳ערשטע וואָרט פון גאָט: ״ס׳איז גוט, ס׳איז גוט״...

ב

עס גייען די בלויע בערג ארויס פון די רויכן,
וואָס קנוילן זיך צו הימלען אין חרמונישע שנייען.
מיין ליד הויבט זיך אויף, ארויף צו די הויכן
און רופט מיך צו שטייגן אין די וואונדער־אלייען,

וואָס שפּרייטן זיך אויס דאָ, פון דאנען אָן גבולן.
זיי ציען זיך ווי טענער פון קדמונישע קלאנגען.
ביז כ׳פיל ווי ס׳הויבן זיך אָן די הימלען פּארפולן
מיט שירה, וואָס כ׳שיק צו גאָט אין מיינע געזאנגען...

ג

ס׳איז שטיל אזוי און כ׳הער ווי ס׳זענען בערג מתפלל,
כ׳פארנעם דאָס לשון פון די כנרת־וועלן.
זיי קומען, שטעלן זיך ביי מיינע שוועלן —
איך זאָל מיט זיי צוזאמען זאָגן הלל, —

צו די הימלען, וואָס זענען דאָ פון ערשטע יצירה־שעה׳ן.
ווייס איך נישט דאָס וואָרט, וואָס זאָל צו זייערס גרייכן ?
שווייג איך. נאָר עס רוישן מיינע טיפסטע דנאָען
מיט א שטילקייט, וואָס גייט צו די העכסטע הייכן...

ד

און אפשר זאָל איך זיך אויף די וועלן פון כנרת לייגן ?
און אפשר זאָל איך זיך אין די בערג באהאלטן ?
עס רופן פנימער, ווילן אז איך זאָל שטייגן
צו זיי ארויף. צו זייערע טיפע שפאלטן.

זיי ווארטן שוין אויף מיר פון ערשטע רגעס,
ווען איך בין אָדם געוואָרן און זיי, בערג וואָס שווייגן.
ווייס איך נישט צי גיין, אָדער אויפן כנרת זיך לייגן,
סיידן גאָט אליין זאָל איך מיין פראגע פרעגן...

ה

אָ גאָט, מיין גאָט, דו וואָס ווייסט, ווי טיף איך שרעק זיך,
פארן קלענסטן שאָרך אין מיין מינדסטן זילבל.
הער מיין תפילה דאָ ביי דיין כנרת: אנטפלעק זיך
און פארנעם מיין געבעט, ווי ס׳געבעט פונעם קלענסטן מילבל —

זאָל מיין הארץ, וואָס איבערפולט מיט צער און פיין איז,
ווערן איינגעשטילט, ווי ס׳זענען שטילע די כנרת־וועלן.
און יעדער קריץ פון פנים מיינעם, דו ווייסט דאָך וואָס דער מיין איז,
ליב זאָל זיין פאר דיר, ווען כ׳וועל אליין זיך פאר דיר שטעלן...

# די עפלביימער בליען...

אין מיין שטאט, ניו־יאָרק, די עפלביימער הויבן איצטער אָן
צו בליען,
און ס׳ווערט פארפולט די לופט, ווי פון אן איידעלן פארפום.
עס ברענגען אים קיין בראָנקס, צו מיר, אויף פליגעלעך אין פליען,
די יונגע שוועלבעלעך, וואָס נעמען מיך אין זייער סוויסטש ארום.

איז מיר ליב דאָס רוישן פון די שוואלבן און פון פייגל,
וואָס פרילינגען מיר־אויף, דאָס איינגעדרעמלטע געמיט.
און איך הער אין זייער קול, ווי ס׳רעדן צווישן זיך די צווייגן
פון די עפלביימער, איינגעטונקענע אין ראָזלעך־ווייסן צוויט.

ווערט די שטאָט מיר צוריק א סאָד, וואָס לעבט אין מיין זכרון,
פון די קינדער־יאָרן. און מיט יונגן דורשט, איך טרינק די לופט.
און פון מיינע בראָנקסער הימלען, פרילינגדיקע קלאָרע,
גייט מיר אויף א ניגון, וואָס מונטערט מיך און רופט...

לאָז איך זיך אין וואנדער צו די סעדער, צו די עפלביימער,
וואָס שמייכלען מיר מיט רייץ פון בליענדיקע, חנעוודיקע עפל.
און כ׳זע אין דמיון מיינעם, יעדער עפל, ווי א קינדער־קעפל,
וואָס חנדלט זיך צו מיר מיט לעבנס סודותדיקע און געהיימע...

## די פיר יידן פון מיינע נעמען

די פיר יידן — אותיות אין מיינע ביידע נעמען,
זיי זענען אייגן מיר און אייגן מיין געמיט.
און ווי פארליבטע, גרייטע זיך ארומצונעמען
טוליען זיי זיך אין מיין ליד.

איז מיר גוט, וואָס מיט יידן, איך בין ארייגערעמלט,
איז מיר וואויל, וואָס יידן זענען תמיד מיט, מיט מיר.
ווייל איך פיל איבער מיר דאָס אויג, וואָס קיינמאָל דרעמלט
און וואָס צו אים מיט בענקשאפט, מיין ליד עס איז באצירט...

נאָר ווען א טרויער־וואָלקן, רינגלט מיך ארומעט
עס טרערט מיין אויג און ס׳גרימט מיט פיין מיין ליפּ.
צו מיינע פיר יידן, וואָס זייער איז דער צער און אומעט,
בעט איך, אז זיי זאָלן נישט מהרר־זיין און נעמען אלץ פאר ליב...

ווייל, ווי די פיר יידן אין מיינע ביידע נעמען,
וואָס איך קען נישט אָפּטיילן זיי פון זיך און פון מיין ליד,
בין איך גרייט ביז לעצטע טראָפּנס בלוט אויף זיך צו נעמען,
די חדווה און דעם עול פון זיין א ייד...

# צווישן די ווײַלן פון אקראפאל

ליכטיקער מאָרגן. די שטראַלן פון דער זון, ווי זאנגען פון זילבער צעפּלאָסן,
רופן מיך שטייגן צום איבערבלייב, צו די זיילן פון אקראָפּאָל —
שפּאַן איך און איך הער די דורות, וואָס רעדן צו מיר אויף זייער אייגענעם קול.

נאָר נישט בלויז די שטימע פון אטען, איך הער אין די קלאַנגען, וואָס גרייכן
פון צווישן די זיילן. איך הער אויך יהודה׳ס נישט־פאַרשוויגענע שירה און לשון —
עס גייען מיר נאָך און איז תמיד מיט מיר — ירושלים׳ס טאָלן און הייכן...

עס בליקן די פּנימער, געקריצטע אין מאַרמאָרנע שטיינער. זיי בעטן און ווילן
איך זאָל נישט פאַרגעסן גריכנלאַנדס גרויסע : די דיכטער און פילאָסאָפן — —
איך הער דאָ דאָס קול פון דעם, וואָס קיינמאָל ער איז נישט פאַרשלאָפן...

ער איז דאָ מיט מיר איבער צייטן און דורות, וואָס זענען פאַרגאַנגען,
ער איז אין מיין בלוט און צו אים איך זינג מיט בענקשאַפט מיין ליד.
טרעט איך מיט כבוד איבער אקראָפּאָלס זיילן. נאָר ס׳איז הייליק מיין ווילן צו בלייבן א ייד !

## א פנים פון א געטאָ־ייד

הירש שיליסן, דעם מאָלער פון לאָדזשער געטאָ

גרויע נעפּלען הילן־איין די צפתער בערג,
דער אָוונט נידערט שטיל אין גרויע פארבן.
א פנים פון א געטאָ־ייד, אין פּיין־געווערג,
ווי אין לעצטע רגעס פארן צאנקען, שטארבן —

קומט צו מיר און שטעלט זיך ביי מיין זייט,
ווי געזוכט ער וואָלט ביי מיר א מקום־מקלט.
ווי צו שיצן זיך אקייגן גרוילנדיקן טויט,
וואָס האָט דאָס פנים זיינס, צעקארבט, צעשטיקלט...

... איין אויג מיט גרינע פונקען פלעמלט, צאפּלט,
איין ליפּ, מיט געלן פיבער אָפּגעפארבט איז.
דאָס צווייטע אויג, אויף מיר, אין אנגסטיקן געאפּל,
ווי גערופן מיך. איך זאָל זיין לעצטן בליק מיר ארבן...

עס קנוילן זיך די רויכן און נעמען מיך ארומעט,
די רויכן פון אָשוויענטשים, פון דאָרט אהער ביז דאנען.
איך טראָג זיי אין מיין בלוט, טוליע מיט מיין אומעט —
אוןביידע גייען מיר און שפּאנען, שפּאנען...

צוריק צו אונדזער היימשטאָט לאָדזש, די עיר ואם,
זי איז דאָ איצט מיט מיר, מיט אלע מיינע שאָטנס.
און כ׳זע דאָס אויג און ליפּ שטילערהייט עס וויינט,
און הער אפילו אויך זיין לעצטן אָטעם —

וואָס צאנקט צו מיר פון גרינעם ליכט ארויס
און נעמט אריין מיך אין גרימאַס פון זיין פנים.
און כ׳וועל א טייל פון בילד, וואָס לעשט זיך לאנגזאם אויס
און ווערט א שטיק פון נאכט, אָן מיר און אָן אים...

# געבעט פון א שיימע

עס איז נײנצנטער אפריל פון נײנצנהונדערט זיבנאונפערציק,
פון ווארש׳ער געטאָ־חורבה צום מאָנומענט פון גבורה איך שפאן.
עס רוישט אין מיר און אלע מײנע בלוטן וואָיען, צער׳יק,
שמערציק,
מיט אלע טרערן, וואָס זענען נאָך אין דער וועלט פאראן...

און פלוצים איבער קאָפּ מיר, א פארוואָגלט, ארומגעריסן גמרא־
בלעטל,
פון שטויבן פליט צו מיר און לײגט זיך אויף מײן האנט.
די ווערטער, געלערנט אין ישיבה־יאָרן — ״ל ו ג ד ם״*) האָט
עס מיך דערמאָנט
און זײ רעדן איצט צו מיר און מיט דממה־דקה׳דיקן קול זײ
בעטן:

— אָ גיב אונדז רו. זײ אונדז מקבר צווישן יידן. מיר קענען מער
נישט שוועבן
צווישן לײדיקײטן... און ווי איך לעז די ווערטער, גרויל איך אויף
אין אימה:
צי בין איך אפשר דאָס פון אלע מײנע נאָענטע אלײן געבליבן לעבן,
כדי צו קענען מקיים זײן, ס׳געבעט, וואָס ווײנט ארויס פון דער
שיימע?

עס ציען זיך די מחנות שווייגנדיק, עס שווייגן אויך די הויכן
בלויז מיין מאמעס שטימע, וואָס תחינה'ט, זיפצט און ברומט
הער איך צו מיר אריבער, פון די אָשוויענטשימער קיימענס־רויכן
ווײנט און וויל נישט ווערן אײנגעשטילט און אײנגעשטומט...

זי בליקט צו מיר פון דער שיימע און קושט עס מיט די טויטע
ליפּן
טו איך נאָך. און ווי אמאָל אין חדר־יאָרן, קוש איך עס און
וויין...
ביז איך פיל: מיין טרער גיסט אריין זיך אין דער מחנה'ס
כליפּן —
און שטום איך בין מקבר דאָס בלעטל־שיימע, צופוסנס פון
גבורה־שטיין...

*) לוג דם — א מאָס בלוט, וואָס מען דארף מקבר זיין.

# חורבן לאָדזש

לזכרון מיין טײַערער מאַמען
ראָדע־שמחה בת חיים־לייב

אַרײַנגעכאַפּט אין פֿײַער,
געפֿאַנגען אין אַ שטײַג.
לויף איך אין מיין טרויער,
פֿאַרשטומט אין בלוט־געשווייג.

ס'איז מיין ווייטיק גרעסער
פֿאַרן שאַרף פֿון שניט.
פֿון פּיין איך בין געמעסערט,
אין כאָרכל ברומט מיין ליד.

עס שלעפּן מיינע פֿיס מיך
דורכן געטאָ גיין.
אַ הויז אין לעצטער גסיסה
לאַגעווניצקע ניין.

אַ הויז אין יידיש באַלוט,
אַ שטוב פֿון נויט און טויט.
אין מלכותדיקן דלות,
אַ חלום פֿלאַמט און בלויט.

דער חלום פון גאולה
מיט ליכט ארומגעזוימט.
האָפט מען אויך, אפילו
דער גואל האָט פארזוימט...

פון דאָ, מיין ליבער מאמען
מען שלעפט צום לעצטן גאנג.
צוויי פינטלעך זונען־פלאמען
אין אירע בליקן צאנקט.

זי פלעמלט מיר א לעצט מאָל,
געזעגנט מיט אויגן־צינד.
מיט לעצטער טרער באנעצט זי,
רחלען, מיין שוועסטערס קינד.

מיט איר צוזאם אין וואָגן
מען ווארפט מיט שטיקער נאכט.
צום לעצטן טויטן־וואָגל —
מיט פיין און וויי באוואכט.

פון גרויער שטוב עס ווינקלט
צו מיר מיין שוועסטערס טויט.
א לעצטער זונשיין פינקלט
און גרוי עס ווערט דאָס רויט...

פון איבער טויזנט מיילן
מיין בליק האָט אלץ געזען.
ס׳קען קיינער נישט אָפטיילן
פון אייך, כ׳בין דאָ מיט אייך געווען.

מיט מײַנע לאָדזשער ייִדן
איך שפּאַן דעם לעצטן וועג.
זאָל לעצטער גורל צושמידן
צו אײַך אויך מײַנע טעג...

אין נעכט, אילי, דער טײַך האָט
געשריגן אייער שרײַ.
אין קוימענס האָט געררײַכערט
מיט אײַך באַזאַם מײַן זײַן...

אין קאַזאַכסטאַנער ווינטן
אין וויכערדיקן זשום.
געהערט האָב איך אַ צינדן,
פֿון אויוונס דעם געבּרום.

אין קאַזאַכסטאַנער ווינטן,
כ'האָב אייער שרײַ דערקענט.
אויף ווינטן, ווי אויף אינדן
מיט פֿיס צעאַשט, פֿאַרברענט.

בין איך קיין לאָדזש געפֿלויגן
מיט לעצטן פֿלאַם אין האָרץ.
זיך אויסגעוויינט די אויגן,
נאָר קיינעם נישט דערוואַרט...

אין שטערן אויפֿן הימל
געזוכט האָב איך באַשייד.
אַ ווינקען, ווי אַ סימן,
אַז אויפֿשטאַנד איז געגרייט.

נאָר ס'האָבן זיך די שטערן
געלאָשן אינעם ווינט.
ווי אלע די באגערן
געבוירן וואָלטן בלינד...

אויף שארף פון געטאָ־דראָטן
ביים צוים פון האָלצן־בריק
האָט אויסגעהויכט זיין אָטעם
מיין חלומס זונען־בליק...

איצט שפאן איך אויף דער וואָר דאָ
מיט מיינע מידע טריט.
פון אלע טויזנט יאָרן,
אליין, א לעצטער ייד.

עס טונקלט זיך דער אָוונט
אויף חרובדיקע ווענט.
און שטילע ווי פאראָבלט
פון קיינעם נישט דערקענט —

עס ציען זיך בלויע שאָטנס
פון מיר צום האָריזאָנט.
אריבער געטאָ־דראָטן,
וואָס האָבן זיך געמאָנט...

עס ציען זיך די שאָטנס
פון מיר ביז סוף פון וועלט.
די לעצטע געטאָ־דראָטן
ביזן טויטן־פעלד...

עס שלענגלען זיך די שאָטנס,
דורכזיכטיקע ווי קרעפּ.
און ווי אין פיין־חרטה,
זיי שאָקלען מיט די קעפּ.

ווי קעפּ אין לעצטע רגעס
אָפּגעהאַקט פון גוף — — —
מיר דוכט, איך הער זיי פרעגן:
איז טאַקע דאָס דער סוף?

עס טונקלט זיך דער אָוונט,
מיט נאַכט איך בלייב אליין.
און ס'הילט מיך איין דער אומעט
פון לאַגעווניצקע ניין.

עס צינדט זיך אָן אַ שטערן
און לעשט זיך אויס אין ווינט.
די לבנה, ווי דורך טרערן,
אַ פּנים פון אַ קינד,

זי בליקט צו מיר אַראָפּ דאָ,
באַלייכט דאָס טויטן־הויז.
עס דוכט מיר, איך הער מען קאָפּעט
אַ גרויסן קבר אויס.

איך זע ווי רידלען גראָבן,
בלויז רידלען, — אָן די הענט.
זיי גראָבן ביז זיי האָבן
מיין שטאָט פון ענד ביז ענד,

פון כוינע, ביזן באלוט,
פון "ווילקע" ביזן "סטאָוו"
די שטיינער מאכן יעלות,
באקלאָגן זייער סוף.

די שילדן פון די הייזער,
פון מיינע הענט געמאָלט.
מיט פארבן פון געבייזער
אין רעשיקן געוואלד —

זיי שלאָגן צ׳ריק די רידלען,
נאָר בלייבן ליגן שטום —
ווי נאכט־מוזיק פון פידלען,
וואָס ציט זיך פון ארום — — — —

וואָס גרייכט פון טיפע נישן
און קומט ארויס פארשעמט.
ווי שלאנגען, רידלען צישן
אין לויער פון פארלענד.

איך זע ווי רידלען גראָבן
בלויז רידלען, אָן די הענט.
זיי גראָבן ביז זיי האָבן
מיין שטאָט פון באגין ביז ענד

צעריסן און צעאקערט
די רידלען אָן די הענט —
און די ארבעט פלאקערט,
און די ארבעט ברענט.

ביז ס'הויבט זיך אויף און טורעמט
די ערד, צו הויכע ווענט
ביז ס'נעמען זיך געאָרעמט
די רידלען אָן, ווי הענט...

צעזינגען זיך און טאנצן
אין טויטער נאכט אריין.
זיי פינקלען און זיי גלאנצן
אין לבנה'ס ווייכן שיין.

זיי טאנצן און זיי זינגען
פון טויט דאָס לעצטע ליד.
און וואקלען זיך און שפרינגען
ביז זיי פאלן מיד — — —

און פלוצים פון די רידלען
פיל ראָבן וואקסן אויס.
און ווי אויף שווארצע פידלען
מיט ציינער ווייס און גרויס.

צעשפילן זיי א ניגון,
א ליד אן אומבאקאנטס.
און ס'קומען אָן אין וויגן
ווי פון אן אנדער לאנד —

פול קינדער־קעפ, צעשויבערט
מיט קעפ פון זקנים־גרוי
און ווי ארויסגעצויבערט
פון טונקלער נאכט ארויס

זיי לויפן פון די וויגן
און טוען רידלען אָן.
און צום טאקט פון ניגון,
די רידלען טוען אָן...

באלד ווערט פון קאָפּ און רידל
א מענטשלעכער סקעלעט.
און ווי מיט ווערטער מידע,
דוכט זיך מיר: מען רעדט.

ווי ווערטער שטיל אין יידיש,
צניעותדיק, פארשעמט
מיט דורותדיקן חידוש —
איך האָב זיי באלד דערקענט...

מיין ליבער חדר־לשון,
דו ביסט מיר א געזאנג!
— ווערסט קיינמאָל נישט פארלאָשן,
פון הארץ און פון געדאנק.

מיין מאמעס שטילע תפילות,
מיין באָבעס קלוגע רייד.
מיין לערנען פון אן עילוי
פון מיין ישיבה־צייט.

מיין ליבע — שיר־השירים,
דאָס חתן־כלה ליד.
— דורך אלע טויט־יסורים,
עס הייליקט דיך א ייד.

דעם זיידנס אלטע ווערטער,
די אייביקע געזאנגען.
פון אלע, אלע ערטער,
דורך דורות, כ׳בין געגאנגען.

פון איבער מדבר־וועגן
ביז צו בבלס טייכן.
זיי קומען מיר אנטקעגן
און איילן זיך דערגרייכן

צו מיינע לעצטע ברעגן
אין וואונדערלעכן חידוש.
און ווי מיט מיילער פרעגן
זיי מיר אין פראָסטן יידיש :

צי איך האָב נישט פארגעסן
דעם טאטנס פרומען ניגון ?
די שבתע מעת־לעתן,
וואָס פלעגן מיך פארוויגן ?

מיין ליבשאפט צו פארטייטשן
א פסוק פון דער תורה — — —
און פלוצים, ס׳דוכט מיר : דייטשן
איך ציטער און האָב מורא.

די דייטשן, בייז, מיט שווערדן
צעגלאנצטע און געשארפטע.
פון ארויס פון ערד, פון
תהום ארויסגעוואָרפן.

זיי פלוכן און זיי זידלען,
בייז "הייל" און "יודע" רופן
צו די קעפּ אויף רידלען,
צו די רידלען־גופים...

זיי שרייען און זיי שעלטן
אזוי ווי דייטשן קענען.
ווי "הערן" פון די וועלטן,
וואָס דוכט זיך זיי, זיי זיינען —

זיי ציען זיך אין מחנות
מיליאָניקע ארמייען.
איז אמת ? צי געדאכט איז ?
איך זע : זיי שפּאנען, גייען —

זיי נייגן זיך צו גריבער,
זיי שטייגן צו די הייזער,
וואָס גלאָצן טויטע, טריבע
זיי נעמען זיך באווייזן.

פון איבער שטעט און גאסן,
פון דורכגענג און פון הויפן —
א שטראָמענדיקע מאסע,
זיי יאָגן, און מיר לויפן — — —

דורך ברענענדיקע שילן,
פארוויסטע הייליק־ערטער.
זייער טויטן־האס צו שטילן
פון בלוטנדיקע שווערדן.

פון איבער שטיין און שטאָקן,
פון איבער פלויט און דעכער.
מיט גאווה, — אומדערשראָקן,
זיי הויבן זיך אלץ העכער — — —

זיי פילן־אָן די רוימען,
צו די הימלען גרייכן,
דורך די לעצטע צוימען
מיטן "טויטן־צייכן"...

און פלוצים, — פול געוואָרן
ארום, דאָס גאנצע אָרט.
א קול, ווי א דונער, צאָרנט
און ס'הילעכט הויך א וואָרט —

דאָס וואָרט, וואָס געהערט עס
אין מיינע ערשטע טעג,
ווען הימל און ווען ערד איז
געוועזן מיין פארמעג...

דאָס וואָרט ארויסגעשטאמלט
ווי ס'וואָלט געהערט מיך, גאָט.
— איך זע דאָ איצט מיין מאמען —
זי שרייט עס הויך דאָס וואָרט — — —

און ס'בלייבן שטאר די דייטשן
און ס'קומען יידן אָן.
און פרעגן, איז די צייט שוין ?
און טוען בגדים אָן...

זיי הויבן זיך און שטייגן,
ווי איבער שווינדל־טרעפ.
די טויטע אויגן שווייגן
פון זייערע טויטע קעפ...

די טויטע ליפן שווייגן,
עס רעדן בלויזע הענט,
וואָס זעען אויס ווי צווייגן
אויף אש און קויל פארברענט.

די טויטע גופים שווייגן,
תכריכים שרייען הויך.
און ס'ציען זיך און שטייגן
די ווערטער, פייער־רויך.

ווערט יעדער אות און צייכן,
א לעבעדיקער ייד.
איך שטייג מיט זיי אין הייכן
און פלאטער ווי מיין ליד!

# יידישע קינדער גייען צום טויט

זייערע קליינע, בלאסע, דינע הענטלעך, שווייגן,
ווי קראנקע פייגל.
זייערע אויגן — הונגעריק־צעפלאמטע
גלאָצן פארגלייזטע, ווי צעבראָכענע טעלער,
ווי ערדענע כלים,
ווי די בליקן פון אבלים...

די פיסלעך — הויט און ביינער
באָרוועסע, טאָפּטשען אויף די פארנאכטיקע שטיינער
און שניידן אריין זיך אינעם שניי,
ווי טעמפּע מעסערס.
ווי די אויגן זייערע —
אין די וואסערדיקע הימלען.

זיי גייען, גייען, גייען —
און עס וויינט דער גאָט פון זייער חלום,
אין זייערע ליידיקע הענט
און גוססט צוזאמען מיט זיי,
אין אײנאײנציקן קרעכץ :
— שלעכט !

זיי נידערן, נידערן, נידערן
צום טויט, ווי צום אייביקן טאָל,
וואָס וואַרט אויף זיי מיט תחית־המתים —
ביז דער לעצטער אָוונט־גלי,
שלינגט אריין אין זיך זייער לעצטן אָטעם :
שמע ישראל !

# יזכור

גערענק זיי גאָט, אזוי ווי זיי האָבן אין דיר גערענקט,
אזוי ווי זיי האָבן צו דיר געבענקט
יעדע מינוט פון זייער טאָג, וואָס איז געווען נאכט,
יעדע רגע פון זייער לעבן, וואָס איז געווען טויט.
און אויפן טויטס לעצטע טרעפּ,
די פאַרפּייניקטע, פאַרבלוטיקטע קעפּ
זיי האָבן צו דיר, צו דיר געהויבן —
זיי דיר פאַרטרויט.

גערענק זיי גאָט,
די אלע קינדערס לעצטער אויגן־בליץ,
ווען ס'האָט זייער בלוט געשפּריצט
אויף שטיינער
און ס'האָט דער חלף צעשניטן אויף צוויי
דאָס וואָרט מאמע אויף מא...
צו דיר, צו דיר אליין נאָר,
ווי ס'וואָלט דער ווי
געשריגן: שמע!

אָ גאָט, מיין גאָט!
דו, וואָס קיין שום זאך פארגעסט נישט,
פארלעש נישט
די לעצטע טרער פון מיין מאמען אין יענע טעג,
ווען זי איז ארויס צום לעצטן, לעצטן וועג,
און ס׳איז צו דיר געווען געווענדט
איר לעצטער טרוים.

ביי מיר אין הארץ איר ליכט עס ברענט
און כ׳בעט ביי דיר, מיין גאָט —
מיט ציטערדיקע, וויינענדיקע הענט,
דאָס בלוט פון אונדזער פאָלק —
זכור!...
לעינינו — נקום!

## א י נ ה א ל ט :